# OS FAYFL IN DI BERG

## Moses Schulstein





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

מױשע שולשטײן

# דאָס פײפל אין די בערג

## קאַרפּאַטן-לידער

פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער"

װאַרשע 1936



דאָס פייפל אין די בערג...

שוין דער נאָמען אַליין פונעם דאָזיקן ביכל קען אַרויסרופן אַ געוויסע פאַרוואונדערונג און כשאַד ביים לייענער פון מיינע ביז איצטיקע לידער. צוליב דעם אַליין בין איך געצוווּנגען צו געבן אָט-דעם אַריינפיר.

דער נאַר-וואָס דערמאָנטער כשאַד האָט זיך זיינע באַרעכטיקטע סיבעס.

מיין טאָג, וואָס איז פאַרהילכט מיט געשפאַנטער אומרויִקייט, מיט געשריי, מיט פּראָטעסט און באַטויבט פון אַכזאָריעסדיקע קלעפּ, פון פערדישע פיס און „מענטשלעכע" הענט, קען נישט דערהערן די שטילקייט פון די רויִקע בערג און דאָס לירישע פייפל זייערס.

אין דעם-אָ טאָג איז מיר אויסגעקומען זיך צו צוהערן צו זיי, און גאַנץ צופעליק. צופעליק האָבן זיי זיך אַריינבאַקומען אין מיין ליד, די בערג, ווי צופעליק איך אַליין האָב זיך אַריינבאַקומען צו זיי.

אַוואַדע איז שווער צו פאַרנעמען זייער שטילקייט אין אונזער הילכיקער עפּאָכע, אַן עפּאָכע, וואָס איז טראַגיש, גרויזאַם און פאַרבלוטיקט פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס מען קען זי מיט קיין שום זאַך נישט פאַרשטעלן פאַר אונז. אויך נישט מיט קיין הויכע בערגשפּיצן, — אַן עפּאָכע וואָס לאָזט זיך בעשומאויפן נישט פאַרעדן די ציין.

דער גורל האָט געוואָלט אַז אָט דער ציקל לידער זאָל דערשיינען אין אַ באַזונדערער זאַמלונג און נישט צוזאַמען מיט אַנדערע לידער מיינע. דער גורל און נישט איך. דער „גורל", וואָס פאַרשליסט אויף יאָרנלאַנג אונזער ליד אין די היימישע שופלעדלעך און נישט נאָר אין די היימישע... דער „גורל", האָס איז געבאַסמעט מיט אָפיציעלע שטעמפלען, וועמעס קיילעכדיקע רעדער פאָרן טעמפּ און שווער אַריבער איבער אונזער לעבעדיק וואָרט.

דערווייל נוץ איך נאָך אויס די שטומע לאָיאַלקייט פון די הויכע בערג, וואָס גייען אָן פאַר שיינע באַפּוצונגען פונעם פאָטערלאַנד און האָבן גרויס אָנזען דאָרט, ווו איך קען קיין שום אָנזען נישט האָבן. איך לאָז זיי גיין, אָבער הינטער זיי גיי איך.

אַבוץ שיינע באַפּוצונגען, האָב איך געוואָלט, אַז זיי זאָלן אויך זיין שוץ-באַריקאַדעס פאַר מיין ליד, ווי זיי וועלן עס געוויס אויך דאַרפן זיין פאַר דעם מענטש, — דעם דעראָבערער פון ערד און הימל, וועמעס האַנט ס'וועט נאָך דערלאַנגען פון די גרעזעלעך ביז צו די שטערן.

מ. שולשטיין

I

# אין וועג

נע׳יאָגט האָט אויפן וועג אַ בלאַנקער אויטאָבוס
אָנגעפּאַקט מיט פּעק און פּאַסאַזשירן,
געלאָפן איז זיין שיין פּאָרדיס, אין פעלד, אין גראָז,
אין נאַכט, אין פינצטער, ווי אַ העלע פסורע.

און צווישן פולע פּעק און פולע פּאַסאַזשירן —
איך, און לעבן מיר – מיין ליבער טשעמאָדאַן.
דער שנעלער אויטאָבוס וועט ערגעץ שוין פאַרפירן,
אין זיקאָרן דער אדרעס — א זיכערער פּאַרהאַן.

ווייטער, ווייטער, פיר מיך, גיכער אויטאָבוס,
מירן ביידע ווי שוין אָפּכאַפּן דעם אָטעם,
דערווייל נאָר ברענג מיך, אַ פאַרמאַטערטן, צו רו,—
ס׳איז מיין טראָט מיט שטויב און מיט פאַרדאַכט באַשאָטן.

פון הינטן גייט מיט שפיזנדיקע שטערן נאָך די נאַכט,
שטיל, ווי אַ באַהאַלטענער און לווירנדיקער סוינע,
נורע איך זיך איין און שוויג. אין טשעמאָדאַן פאַרמאַכט —
אַ העמד. אַ בינטל לידער. — און דאָס איז מיין וווינונג

ביי אַלע פּאַסאַזשירן האָט דער אויטאָבוס
צום שלאָף פאַרווינט די קעפּ, נעבווינן צו דער וואַנט,
ווי ס׳ביינט אויס אַמאָל אַ ווינט אין פעלר דאָס גראָז,–
איך איינער וואַך, און לעבן מיר – מיין ליבער טשעמאָדאַן.

2

## כ׳וועל איצט פון אייך דערציילן...

בערג! כ׳וועל איצט פון אייך דערציילן, האָרכט,
ס׳איז איצטער מיר געקומען אויפן זינען,
ווי בלויז דער רעבע האָט מיך קליינערהייט מיט פאָרכט
געטראָקן מיטן הייליקן באַרג סיניי.

כ׳פלעג דעמאָלט נאָך אַ קליינינקער זיך איינקורטשען אין מוירע
און ראַכמאָנעס האָבן, דאַכט זיך מיר נאָך איצטער,
אויף דער אײדע יידן, וואָס מוז אָנעמען גאָטס טוירע
אונטער שרעק פון דונערן און בליצן.

אַוואַדע איז נישט שיין, נאָר וואָס זשע בין איך שולדיק,
אז פון אייך כ׳האָב בלויז געהערט דעם רעבנס זלידנעם ניגן,
אים פלעג איך מוזן אויסהערן געהאָרכזאַם און געדולדיק,
נאָר ס׳האָט נישט זיין שרעק געקענט מיין קאָפּ פאַרוויגן.

איצטער איז דאָס כיידער שוין מיט גראָז און קויט באַוואַקסן,
אויסגעגאַנגען איז דער ניגן און דער רעבע לאַנג געשטאָרבן,
און כ׳האָב פון זיך נאָך קליינערהייט, פון מיינע אַקסלען
אַראָפּגעוואָרפן דעם באַרג סיניי, ווי אַ האָרב.

בערג! איצט שטיי איך לעבן אייך, איר זענט מיר אַזוי נאָנט,
איר שרעקט מיך נישט, איר זענט גאָר שטיל, ווי קינדער,
און ווי קינדער פריי איך זיך מיט אייך און קוק אייך אָן,
און הער נישט אויף אייך ליבן און באַוואונדערן.

3

# אין דער הייך

קלײן און שענער זעט אויס אַלץ פֿון דער הייך,
שײן און קלענער זעט אַלץ אויס און שטום,
און אומעטום נאָר ווו מײן בליק דערגרייכט
הייבט זיך אויף, ווי אין ווונדער, דער אַרום.

ווי קומט אַזאַ ראַכוועס צו מײנע געפּענטעטע הענט
און צו שטײגן אַזוי הויך און באַרגיק? —
געווען איז דאָס געסל און דאָס שטיבל אַזוי ענג,
ס'האָט דאָרט מײן קינדהייט קוים געקענט זיך וואַרגן.

די קינדער דאָרטן שאַרן בערגלעך זאַמד צונויף
און באַקן פֿון זיי ברויטן קײלעכדיקע, פולע,
און כאָלעמען פֿון עמעסדיק און זעטיק ברויט,
נאָר פֿון בערג אַזעלכע כאָלמען זיי שוין נישט אפילע.

נאָר איך האָב צוגעזאָגט און זיך פאַרמאָסטן אײנמאָל, —
אויסשפּרייטן אין יענער ענגשאַפט אָט די ראַכוועס,
און אײַך, קינדער, צו די שוועלן, צו די היימען
יעדן באַרג אײַך ברענגען, ווי אַ ברויט אונטער די פאַכוועס.

## הוצולן־קינדער...

הוצולן־קינדער אָנגעטון אין לייוונטענע שמאַטעס,
מיט טונקלע לאַטעס און מיט העלע שטעך, ווי לייז,
ווען כ׳זע אייך ביי דער אַרבעט ווען פאַרמאַטערט,—
זייט נישט אויף מיר ברויגעז, קוקט נישט אויף מיר בייז.

ביים פּאַשען טשערעדעס אין טאָל און באַרג,
אין אַנגוסט פון מיטנטאָג, אין הייסער מי,
ביים פראָסטן מאָלצייט, – פּאָסנע, טרוקן, האַרט,
ביי דער אַרבעט – מיטן טעפּל אויף דער קני,

ביים שלעפּן האָלץ, ביים האַקן, קרישלען שטיינער, —
אוי, זייט מיך, קינדער, נישט מעקאַנע, —
דאָס בין איך אייך געוויס נישט איינער
פון אָט יענע שיין־געקליידטע פּאַנעס.

כ׳גיי אַרום דאָ, ווי נישט זיכער אויף דער ערד,
די גלעקלעך קלינגען אין די פּענסיאָנאַטן,
און מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז כ׳הער און הער,
ווי ס׳לויפט מיר נאָך דער קלאַנג פון קייטעלעך און קראַטן

איר ווייסט געוויס נישט, ווי אזוי כ׳קום דאָ אַהער,
הוצולן־קינדער, — לאַטעס, נאַקעט, שוויס, —
ווען כ׳טרעף אייך ווען ביי אַרבעטן פאַרמאַטערט שוידער, –
אוי, זייט נישט אויף מיר ברויגעז, קוקט נישט אויף מיר בייז.

## גייט די טשערעדע...

גייט די טשערעדע — אַ פולער וואָלקן,
וואָס ציט זיך, ציט זיך אָן אַ סאָף.
גייען נאָך נאָך דיר און פאָלגן
די געהאָרכזאַמע און גוטע שאָף.

פאַסטעך, פאַסטעך אויפן גרינעם באַרג.

זיי גייען כיינעוודיק נאָך דיין פאַרלאַנג,
זיי גייען ווו די ווילסט און הייסט,
אָט פלעכטן זיי פאַר דיר אַ קראַנץ
פון זיך אַליין — אַ לעבעדיקער קרייז.

פאַסטעך, פאַסטעך אויפן גרינעם באַרג.

נישט דיינע איז די טשערעדע, נישט דיינע,
נאָר זי ווייסט נישט און זי האָט דיך ליב,
נו, יאָ, וואָס ווייסן שאָף, זיי מיינען,
אַז זייער באַלעבאָס ביסט דו, בלויז דו.

פאַסטעך, פאַסטעך אויפן גרינעם באַרג.

דיך האָב איך שוין געזעען ווי אַמאָל
אין אַ ווונדער־מייסעלע אַ שטילס:
אַ קעניג ביסטו און דער באַרג — אַ טראָן,
און אויפן פייפל שפּילסטו נאָר און שפּילסט...

פאַסטעך, פאַסטעך אויפן גרינעם באַרג.

נאָר דער בלאָטע, וואָס אויף דיינע פיס,
און דיין רעקל דאָס געלאַטעטע מיט זון
איז דאָס אַלץ פון לאַנג, שוין לאַנג פאַרמיעסט —
זיי ווילן גאָרנישט הערן דערפון...

פאַסטעך, פאַסטעך אויפן גרינעם באַרג.

# אָווידיוּש *)

דער הויכער אָווידיוּש קוּקט שטענדיק אין פענצטער אַרײַן,
איז פוּל מיט אים די הילצערנע, פירעקעדיקע ראַם.–
איך געדענק, אַ בילד איז געהאָנגען בײַ אוּנז אין דער היים
אוּן אין שטויב פוּן יאָרן זיך געעלטערט אויף דער וואַנט.

אויפן געמעל: אַ פּאַלאַץ, הויכע בערג, וואָס ביז צוּם הימל,
אַ שטראָמיקער פאָנטאַן, אַ קליינע אָזיערע אַ בלאָע,
אויף איר איז זיך אַ שניי־ווייסער שוואַן אַרוּמגעשווּמען
אוּן מיטן שנאָבל זיך געקראַצט, אוּן געהאַט מיסטאַם האַנאָע.

אוּן ווייטער האָט מען אָנגעזעען דײַטלעך, קלאָר:
אויף די מאַרמאָרנע, געטאָקטע פּאַלאַץ־שטיגן
האָט געקניט אַ פּרינץ צוּ אַ פּרינצעסן אין צעלאָזטע האָר
אוּן אַ באַפּינטלטע פוּן פליגן.

איך האָב זיך נאָר געוווּנדערט אויף די הויכע בערג,
כ'האָב געטראַכט: דאָס זענען הייכן בלויז געמאָלטע,
בלויז אויפן בילד פאַרהאַן איז אַזאַ הויכע ערד,
אוּן אין דער עמעס קען עס דען געמאָלט זײַן?...

---

*) אַ באַרג אין דער קאַרפּאַטן-געגנט אויפן נאָמען פוּן רוימישן דיכטער אָווידיוּש. געלעבט אין ערשטן יאָרהוּנדערט.

און איצטער קוקט אַריין דער אָווידיווש אין מיין פענצטער

און כ׳זע: אַזאַ באַרגיקע הייכקייט איז טאַקע פאַרהאַן,

און כ׳גלייב אַלץ נישט, און ס׳דאַכט מיר,—נישט דאָס פענצטער,

נאָר ס׳שטויביקע בילד זע איך הענגען ביי אונז אין דער היים...

7

# אַ באָרוועסער הוצול

אַ באָרוועסער בעטלער־הוצול אויפן וועג
שפּילט אויף אַ פלייט אין פאַרנאַכט אַריין,
דורך איר יעדן לעכעלע, ווי דורך אַ קעל,
גייט זיין שפּילן, ווי אַ וווּנט געוויין.

טשערעדעס גייען אַהיים, צו געלעגערס,
זומער־געסט גייען אַהיים אויף אָוונטברויט,
זיין פלייט דערנענטערט זיך און גייט זיי אַקעגן,
ס׳גייט זיי אַקעגן זיין באָרד — אַ גרויע קויט.

ביי די געסט איז אַ פייערלעכע שטימונג,
ביי די געסט איז אַ פיינער אַפּעטיט,
דער הוצול האָט דעם הוט אַראָפּגענומען
און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו זיירע טריט.

שפּיל זשע, הוצול, שפּיל, אויך אין דער הייך
האָבן זיך די שטערן איבער דיר פאַרקלערט,
וויינט די פלייט און וויינט, בלייבט איבער פון געוויין
אַ גראָשן אינעם הוט — אַ פינקלענדיקע טרער.

אַ באָרוועסער בעטלער־הױצױל אױפֿן װעג,
שפּילט אױף אַ פֿלײט אינעם אָװנט אַרײַן,
פֿון איר יעדן לעכעלע, װי דורך אַ קעל,
גײט זײַן שפּילן, װי אַ װײַט געװײן.

## דאָ...

ווי אַ סטעזשקע, ווי אַן אָרט און ווי אַ ווינקל,
ווייסט דאָ אומעטום מיין פריינט מעשילעם.
אויף הייכן באַרגיקע, אין גרינס פאַרזונקען
קלעטערן מיר שווינדיקע, שטילע.

ער ווייסט, ער ווייסט מיר צו דערציילן אויכעט,
ווי עס האָט נישט לאַנג דאָ יעדער באַרג
אין לעצטע פייערדיקע שלאַכטן זיך געראויכערט
מיט קאַנאָנען שווערע אויף זיין קאַרק.

כאַיאַלעס קריגערישע האָבן זיי געשיצט
מיט זייערע געזונטע, ברייטע פלייצעס, —
און מיין פריינט מעשילעם גייט און כאַלעמט איצט,
אַז עס זאָלן בערג פאַר אים אויך גרייט זיין...

איר וועט, איר וועט נאָך מוזן איינמאָל, טייערע,
גוט אונטערשפּאַרן ווענען ווען עס איז,
פאַר לעצטע וואָלקנס רויך, פאַר לעצטע פייערן
און פאַר שטענדיקער און אָנגענעמער רו

און ס'גייען אויף פאַר מיר, ווי לויטערער פאַרטאָג,
בערג פון הינטער ווין און פון אַסטוריע,
און כ'זע, ווי ס'איז דאָ יעדער באַרג אַ גלאָק,
אַ צעהוידעטער אין אומרו און אין שטורעם. — — — — —

ער וואָלט דאָ, זאָגט ער, דעמאָלט איינגעאָרדנט
אין די בערג פאַבריקן פון געזונט,
אין זוניקע און ווייסע סאַנאַטאָריעס
זאָל מען קומען דאָ אהער פון אומעטום.

דאָ אונטער הימלדיקע ראַכוועסן צעבלאָטע,
איבער רוקנס באַרגיקע, באַוואַקסענע מיט גראָז
זאָל גליטשן זיך אַ באַן אויף אייזן־פעסטע דראָטן
און פירן אַרבעטער פון וואַרשע און פון לאָדזש.

עס זענען דאָך די בערג אונז אַלעמען געגעבן,
וואָס — שמייכלט ער — נישט עמעס, כאַווער מוישע? —
און כ'הער ווי ס'לויפט דער טשערמאָש *) נאָנט, דערלעבן,
און די כוואַליעס רוישן, רוישן, רוישן...

*) אַ טייך, וואָס איז דער גרענעץ־פּאַס צווישן פּוילן און רומעניען.

9

## ניט אָפּ די זון!

יאָרנלאַנג, יאָרנלאַנג,
זענען מענטשן געגאַנגען אויף דער ערד.
יאָרנלאַנג און אומעטום.
און העכער, אויפן הימל,
מיט איר שטאָלצן, הויכן גאַנג —
איז געגאַנגען די זון.

און ווי געוויינלעך און באַקאַנט,
פלעגט זי יעדן טאָג אויפגיין אין מיזרעך
און אין מײַרעוו — פאַרגיין.
אָט אַזוי ווי פאַראַיאָרן,
ו'ווי פאַר יאָרהונדערטער
און הײַנט.

יאָרנלאַנג, יאָרנלאַנג,
פון עק ביז עק,
פון ראַנד צו ראַנד
האָט זיך אויפן הימל עפּעס דאָרט
ארומגעדרייט אַ זון,
ארומגעדרייט זיך פּוסט און פּאַס,

מיט גינגאָלדענע שטראַלן אַרומגעשפּאַרצירט
אין הונדערטער לידער און ראָמאַנען
און אויסגעמיטן
אונזער גאַס.

און מיט טובערקולאָז
און מיט קרום־געבויגן־קינדערישע פּיסלעך
פּלעגט זיך אויפשטעלן אונזער גאַס
אויף די שפּיצפינגער
און רייסן זיך דעם האַלז:
— גיט אָפּ די זון!

און זי, וואָס האָט עס איר געאַרט?
וואָס האָט זי זיך געמאַכט דערפון?
זעלטן, זעלטן קומט זי צו
אין טונקלע קעלערס
און אין קויטיקע וואַרשטאַטן, —
זי וועט זיך נישט אַראָפּלאָזן אַהין,
זי איז נאָך אַזוי נידריק נישט געפאַלן...

ניין, ניין,
דאָס האָט זי נישט געקלערט,
דאָס האָט זי נישט געמיינט,

נישט זי אַליין
האָט זיך באַשטימט דעם גאַנג,
דאָ,
נידריק,
אויף דער ערד
איז אָנגעצייכנט איר מאַרשרוט
פאַר אַלע הייכן.

דאָס האָט מען איר געוויזן אויף דער ערד
ווּהין צו גיין, ווּהין צו לייכטן,
ווּהין פאַרפעלן און ווּהין צו סטייען,—
דאָס האָבן מענטשן זי אַריינגעכאַפּט
צו זיך,
ווי אַ גאָלדענע מאַטבייע.

און ווען זי וואַרעמט גוט און אָנגענעם
אין העלן זאַמד,
אויף הויכע בערג,
אין גרינע ווילעס —
זי קומט אַמאָל צו אונז —
אין היק,
אין שטויב,

דורך פאַבריקישער,
פאַרוויכיקט־שוואַרצער שויב.

זי וואָלט זיך איינגעהערט —
דאָ, נידעריקער, אונטער איר,
אויף יעדן פּיצל ערד,
וואָס זי באַרירט,
שאָרכן קריגערישע פאָנען,
און אָן אויפהער,
און אָן אָפּרו,
און אָן אָטעם
קלאַפּן הויך די שלאַכט־קאַנאָנען.

עס איז דער רויך
און ס'איז דאָס בלוט
נאָך פריש און וואַרעם,
און דער אָפּהילך גרייכט אַזש
ביז אַרויף צו איר, —
פאַרפאַלן, זאָל דיך, לעכטיקע, נישט אַרן,
וואָס מיר האָבן איצטער
אין דער הייך
געשטערט דיין רו.

ווי מיר קערעווען מיט ווינטן,
ווי מיט טייכן,
ווי מיט יאָרן
און עפּאָכעס —
מיר וועלן קערעווען מיט איר.
ווי אַ העל־מעטאַלן ראָד פון דער מאַשין
מיר וועלן זי אַ דריי־טון
גלייך צו אונז, —
און ווי אַלץ,
ווי ערד,
ווי ברויט,
ווי רו, —
— גיט אָפּ די זון!

# באַרג אַרויף

מיר האָבן שטייפע הענט, וואָס קענען שמעטערן
און גיך פאַרהאַמעווען דעם ווילדסטן לויף,
און יונגע, גיכע פיס, וואָס קענען קלעטערן
צו העכסטע באַרגשפּיצן אַרויף, אַרויף.

העי, מיר קלעטערן!

דער טאָל דערווייטערט זיך, די נידער ליגט זיך שוין
און קניט געהאָרכזאַם, שטיל צו אונז, צו אונז,
די בליקן שטייגן הויך און העכער שטייגן מיר
צו בלאָע רוימען ווייט און צו דער זון.

העי, צו דער זון!

שטאָכעם הינטער אונז שוין אָפּגעגאַנגענע,
ס'איז גוט זיי אָנצוזעען פון דער הייך,
מיר ווייסן איצטער דאָ: די בערג דערלאַנגען נאָר,
און מירן באַלד, אָט באַלד דערלאַנגען אייך.

העי, דערלאַנגען!

ווי פּאַנגען לופּטיקע, ווי לייכט־צעווינטעטע,
די אָטעמס פלאַטערן פאַר אונז, פּאָרויס,
באַפעלן טראָגן מיר דער הייך: גיט אונטער זיך,—
פאַר אונזער נאָנטן גאַנג, פאַר אונזער פויסט!

העי, גיט אונטער זיך!

מיט וואָלקנס אויפן קאָפּ, מיט אָנגעטוּענע,
ווי מיט אַ ווייס־אַראָפּגעלאָזטער פאָן, —
גיבן שטאָלצע בערג זיך אונטער קניענדיק
און בלייבן שווייגנדיק און בלייבן שטום.

העי, שטאָלצע בערג!...

אונטער פרייער זון איר וועט דאָ שיינען נאָך,—
מיר קומען אָן צו אייך, מיר קומען, הערט!
ס׳גייט אונזער האַרטער טראָט אייך איצטער איינעמען:
ווי אַלץ אויף קיילעכדיקער, רונדער ערד.

העי, מירן איינעמען!

11

## טשערמאָש

צווישן איין זייט לאַנד און צווישן צווייטן,
אונטן, אונטער הויכע בערג צופּיס,
שטראָמט דער טשערמאָש ראַש אַוועק אין ווייטקייט
און פליסט, און פליסט, און פליסט.

פון דער ווייטנס בלאַנקט ער—שאַרף און שמאָל
און שניידט דורך די גרענעץ, ווי אַ שווערד,
נאָר ער ווייסט גאָרנישט און לויפט אין שטילן טאָל
און קלערט, און קלערט, און קלערט.

די פיש, וואָס כאָוועון דאָרט זיך, ווייסן שוין נישט,
צו וועלכן פאָטערלאַנד זיי דאַרפן בירגער זיין,
און בלויז די זון גייט איבער דאָ די גרענעץ-רוימען
אָן אַ פּאַספּאָרט און אָן אַ פּאַסיר-שיין.

דער שטראָם שיט איבער שטיקלעך שאָרכנדיקע שטיינער
און געפלאָכטן שלאַנגיק לויפט ער אין דער לענג,
די פליעסקנדיקע כוואַליעס קלינגען גלייך אינאיינעם
און שאָרעווען די שטיינער שטענדיק מיט געשווענק.

און אויף די כוואַליעס, מיט די גלייכע שטראָמען
הוצולן טרייבן טראַטוועס שטיל און שיין,
טראָגן זיי זיך לאַנג און נישט געצוימטע
צונויפגעשלאָגענע פון קלעצער און פון פיין.

רוישט דער טשערמאָש און טיילט אָפּ איין ברעג פון אַנדערן
און ליגט צעווישן גרענעצן—אַ בלאַנקע שווערד,—
ווענען ס׳שניידט דיין העלע שאַרף פאַנאַנדער
און ווענען זי פאַרייניקט און פאַרקניפּט נאָך מעל

.12

## אַ באַרג מיט אַ באַרג...

„אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך קיינמאָל נישט צונויף,
אַ מענטש מיט אַ מענטשן —יאָ,"—
הער איך אומעטום דערציילן אַזוי,
הער איך דערציילן אויך דאָ.

ס'קען זיין, אַז דאָס זענען גערעכטע רייד, —
אַז די בערג פון דער זייט און פון יענער
וועלן שטענדיק זיך אָנקוקן בלויז פון דער ווייט,
כאָטש נאָנט איז אַ גרענעץ פון אַ גרענעץ.

אומעט. קריטיק. שמאַטעס באָרוועס טרעפּעס. —
די זעלביקע מענטשן אין בערג פון דאָרט און דאָ,—
די בערג וועלן עפּשער זיך קיינמאָל שוין נישט טרעפן,
אָבער די מענטשן — יאָ.

## 13

## עס כאַפּט זיך אויף דער וואַלד...

עס כאַפּט זיך אויף דער וואַלד און הערט זיך איין און שטוינט
און בייגט זיך אָן און האָרכט און האָרכט, —
דאָס האָט נישט איצטער ערגעץ־ווּ קיין בוים
מיט שורשנדיקע בלעטער אויפגעשאָרכט.

ער גיט פון בוים צו בוים די שטוינונג איבער —
קעפּ און קעפּ. און שטילע ווערטער פאַלן. —
ס׳איז נישט דאָס שעפּטשען פון פאַרליבטע און באַטריבטע
אונטערן געזאַנג פון נאַכטיגאַלן...

דאָס פליען מיינע סטראָפן ווייט, העט,העט,
פון צווישן קעפּ און הענט צונויפגעדרענגטע,
און בלויז מיט פאַלנדיקע, זוניק־העלע בלעטער
שיט דער וואַלד, אָנשטאָט אַפּלאָדיסמענטן...

טונקלער וואַלד, היט אָפּ מיין ליד געטריי,
פאַרשטעל אונז פאַר דערוויטערטער געפאַר. —
און ס׳דאַכט מיר, ס׳הערט זיך איין דער וואַלד און שווייגט
און שטעלט אַליין אַוועק זיך אויף דער וואַך...

# אָוונט...

אָוונט. לעבןביידע זייטן טייך
ליגן טראַטוועס אין שטילקייט און אין רו,
אַלע קלעצער אָטעמען פייכט
מיט דער זעלביקער גוורע און מי.

דאַכט, ס׳וואַסער זינגט דורך די שפּאַלטן,
זינגט איר שטענדיקן, אַלטן מאָטיוו,
און ס׳גייט אויס אַן עכאָ באַהאַלטן
פון אַ לאַנגן „העי אוכניעם“־רוף.

ליגן איצט ביי ביידע זייטן טייך
די טראַטוועס אין שטילקייט און אין רו,
קומט אַראָפּ די לעוואָנע פון דער הייך
און זעצט זיך אַביסעלע צו.

ס׳איז איר וויל, דער לעוואָנע, ס׳איז איר וויל,
וואָס זי ווינט אַזוי ווייט, אין דער הייך,
האָט נאָך קיינער פונם ערדיקן קויל,
נאָך קיינער צו איר נישט דערגרייכט.

האָט נאָך אַלץ נישט אין איר קיין גרענעץ־סלופּ,
ווי אַ צאָן, זיך איינגעביסן ווילד,
קען זי קומען אין אָוונט אַראָפּ,
צו וועלכן ברעג און לאַנד זי וויל.

זי האַלט נישט פון גרענעצן, מיסטאָמע,
און זי וואַרפט זיך אַריין אינעם טייך,
און צעברעכט זיך אויף שטיקלעך — מאַטאָנעס
פאַר ביידע גרענעצן און לענדער גלייך.

איצטער קלינגט מיט איר דער גאַנצער טייך,
קלינגט קלאָר... קלינגט לאַנג... קלינגט שיין...—
אָטעמען אַלע קלעצער פייכט
און הערן שטיל פאַרגאַפט זיך איין...

15

## אומעטום די זעלבע ערד...

די ערד איז אומעטום די זעלבע ערד,
דער באַרג אויף יענער זייט איז אויכעט גרין,
נאָר פאַרוואָס איז שטרענג מיין טראָט פאַרווערט
צו גיין אויף אים, אויך פרייען זיך מיט אים?

מענטשן האָבן זי, די ערד, צעקריגט,
קען איך איצט נישט יענע זייט באַטרעטן,
יענער באַרג איז פון מיר אָפּגערוקט
מיט אַ סלופּ און מיט אַ גרענעץ־שעטעך.

די ערד פון דאָרט איז אויך די זעלבע ערד,
כאָטש ביידע זייטן האָט מען אָנגעבויגן, —
ס'זאָל זיין איין באַרג פון צווייטן אָפּגעקערט,
ס'זאָל איינער אויפן צווייטן קוקן ברויגעז.

נאָר ס'וועלן נאָך די גרענעץ־בערג ווען ס'איז
כאָנט זיך צובייגן און זיך צעקושן,
דער שמאָלער גרענעץ־טייך וועט אויף געוויס
צו ביידע זייטן שמייכלען דאָ, אין צווישן.

מיין טראָט, וואָס גיין אַהין איז אים פאַרווערט,
וועט דאָ נאָך פרייען זיך מיט יעדן שטעק, —
מענטשן האָבן די צעקרינגט, די ערד,
און מענטשן וועלן זי אויך איבערבעטן.

16.

## נאַכט אין די בערג

נאַכט אין די בערג.
אויף ביידע גרענעצן, אויף ביידע זייטן
בילן הינט
אָפּגעלאָזטע פון די קייטן.
נאָר ס׳איז שווער שוין צו דערקענען,
וועלכע בילן
געהערן צו וועלכער זייט.

די פינצטערניש האָט אויסגעמישט
באַרג און טאָל,
טיף און פלאַך
און שטיבלעך צעוואָרפן, צעזייט.
און ווו זענט איר איצטער,
קיטעוו און וויזשניץ ? *)

---

*) צוויי גרענעץ-שטעטעלעך, קיטעוו פון דער פוילישער זייט און וויזשניץ פון דער רומענישער זייט.

און ווי ביסטו, איצטער,
לאַנד
פון בונט,
פון צעפּלאַמטע אייזנבאַנער־פאַקלען,
פון וואַגאַבונדן און שיכּורים?...

ס'האָט אַלץ די פינצטערניש דאָ אויסגעגלייכט
און אין דער פינצטער זענען איצטער
ביידע גרענעצן פאַרלוירן געגאַנגען, —

זי ווייסט נישט פון קיין גרענעצן, די נאַכט.

שרעק באַהאַלטן אין פעלד שפּילט אַ גריל,
ווי אַ געהיימע מאַנדאָלין,
זיצנדיק אַ זיכערע און זינקנדיק אין זינגענדיקע זאַנגען.

עס זיצן די בערג, ווי שטיקער שטילקייט,
און ווילן, דאַכט זיך,
איינער דעם אַנדערן דערלאַנגען.
די נאַכט דערנענטערט זיי,
ביינגט אָן און שמעלצט צונויף די קעפּ.
ס'איז שטיל.

אויך איך בייג אָן מײַן קאָפּ
און מיר דאַכט,
אַז אין דער שטילקייט דערהער איך
בעשרייען פון דער סינוראַנצע,
און נאָנט, לעבן מיר
הילכן אָפּ די ווידערקווילעס,
איינער נאָכן צווייטן...

— — — — — — — — — —

און ס'איז שטיל,
און ס'איז טיפע, בלינדע נאַכט,
און ס'בילן די הינט אויף בײדע זײַטן...

17

## ליד צום אָווידיוש

נישט ווי אין אַ הייליקן געבעט
פֿאַרהייב איך מיין קאָפּ צו דיר,
מיט אַ פֿולן מויל און מיט די צאַרטסטע רייד
ווייל איך איצט רעדן צו דיר, —

אָ, אָווידיוש.

דיין שיינקייט רייסט זיך צו מיין ליד,
ס׳רייסט מיין ליד זיך צו דיין שיינקייט,
נאָר כ׳וויל פֿאַר אַלעמען דיין שטילע רו,
פֿאַר אַלעמען וויל איך דיין שיינקייט, —

אָ, אָווידיוש.

דו הייבסט זיך אויף אַזש ביז צו דער זון
און דורך יינגוואַלד און שטויביקע שטרייפֿן
קוקסטו אַראָפּ אויפֿן ברייטן אַרום,
ווי אין טיפֿער, פֿאַרזשמורעטער געוועט, —

אָ, אָווידיוש.

ווי אַ פלאַקערדיקער שייטער צינדסטו זיך אָן
אין זונאויפגאַנג און שקיערדיקן מיירעוו,
און אין רעגנס און אין נעפּלדיקן גראָ
זעסטו אויס פון דער ווייטנס, ווי אַ טונקלע כמאַרע, —

אָ, אָווידיווש.

ס׳דאַכט, דיין נאַקן האַלט אונטערגעשפּאַרט
דעם הימל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף בערג,
און ערגעץ אין אַ קנייטש, אין אַ ווינקל פאַרשאַרט,
באַהאַלטסטו אַ שטיבעלע פון קיינעם נישט באַמערקט, —

אָ, אָווידיווש.

זומער־איינוווינער, פאַרנעמע, רייכע געסט, טוריסטן
קומען דאָ אַהער דיך אָנצוקוקן,
ווי קליין זיי זעען אויס אין דערהייך דאָרט איצטער, —
זיי קריכן ווי ווערים אויף דיין רוקן. —

אָ, אָווידיווש.

אויף דיינע באַהאַלטענע שטיבלעך און אויף דיר
שטעלן זיי אָן, ווי מאַשין־געווער, די פאָטאָאַפּאַראַטן,
צום אָנדענקען וועלן זיי מיטנעמען מיט זיך
דיין נויט, וואָס גייט אַרום אין הוילע שמאַטעס.—

אָ, אָווידיווש.

די דאַמען וועלן טיילן צוקערלעך די קינדער,
זיי זאָלן שטיין מיט שמייכלענדיקע, זיסע ליפּן,
זיי וועלן ווייזן אויף די בילדער מיט פאַרוווּנדערונג:
— אַך, וואָס פאַרא וווּנדערבאַרע טיפּן!... —

אָ, אָווידיוס.

דו שטייגסט, כאָטש ס'איז דיין אוראַלטער קאָפּ
באַוואַקסן געדיכט מיט יאָרן און מיט גראָז,
מ'האָט דיך געהייסן אויף אונז קוקן פון אויבן אַראָפּ,
מ'האָט דיך געצוווּנגען, קוקסטו, און פאַרוואָס? —

אָ, אָווידיוס.

פאַרצוימט איז פאַר אונז צו דיר דער וועג,
פאַרשטעלט מיט וואָקזאַלן און מיט שטרעקעס לאַנגע,
און ווי דיין ווידערשפּעניקער פּאָעט
ביסט ד ו אויך יאָרנלאַנג געפאַנגען. *)

אָ, אָווידיוס.

---

*) אָווידיוס איז פאַרשיקט געוואָרן אויף לעבנסלענגלעכער געפענגעניש דורכן קייסער אָקטאַוויאַן, וועמען דער דיכטער האָט אָנגעגריפן אין זיינס אַ ליד. אָווידיוס, וועלכער האָט זיך שוין קיינמאָל נישט אומגעקערט צו דער פרייהייט, איז אומגעקומען אויף זיין פאַרשיקונג. די לעגענדע דערציילט, אַז וואַנדערנדיק צו זיין געפענגעניש איז ער דורכגעגאַנגען דעמדאָזיקן באַרג, און דערפון — דער נאָמען אָווידיוס.

נאָר קומען וועט מען ווען צו דיר אויף זיכער
מיט יעדן וואָקזאַל, מיט יעדער באַן, מיט יעדן וועג.
פאַרזשמורעט, דורכן שטויב פון רווישיקע וויכערס
וועסטו זיך אומקוקן און אַנדערש זיך דערזען, —

א. אָווידיוש.

איך וויל דער ערשטער קומען און מיט מיינע טריט
דיך אויפוועקן און אָנטון דיך אין רויטן כיין,
ס'וועט אַנדערש פרייען זיך מיט דיר מיין ליד, —
וועסט אַלעמענס זיין — און וועסט שענער זיין, —

א. אָווידיוש

קיטצוו—יולי, 1935

# אינהאלט

זייט

